אונזער אחדות ז'גאָר א מורא!
יעדע צעהן — אַן אנדער קהילה;
קריעג, מחלוקות פאַר דער תורה,
שוחט, רב און נוסח תפילה,
קלעפּ עליות, פּעטש פאַר מפטיר,
קלאַגען, מסירות אויפ'ן קלאַפּטער.

היינט ווי ליעבען אונז די גוים,
טרייבען, שעכטען אונז ווי רינדער,
בלייבען זיי נאָר די רשעים,
מיר די ליעבע גאָטעס קינדער.
דאַרום זינג איך מיין ליעב ליעדעל:
וואויל איז מיר, איך בין א אידעל.

---

## XXI.

### תפילה למאָסקיטאָס.

גרויסער גאָט פון אַלע וועלטען!
דיינע נסים זיינען זעלטען,
דאָך פערגעסטו ניט דיין אידעל,
ווען ער זינגט פאַר דיר א ליעדעל,
מיט א תפילה און א תחינה,
מיט א זיפץ, א זויערע מינע;
ווען ער שרייט און וויינט פון הערצען,
העלפסט איהם אין זיינע שמערצען.
שיק מיר יעצט אויף דיין רחמנות,
העלף מיר גאָט שוין פון סכנות!
ווי פון פּרעה, המן, טיטוס,
העלף מיר אויך פון די מוסקיטאָס!

גאָט, אָה! זעה די ראבע גרינע,<br>
אָט דאָס פליגעלע, דאָס דינע,<br>
מיט איהר דינעם לאנגען שטעכעל,<br>
ווי זי מאכט אין לייב א לעכעל,<br>
זויגט דאָס בלוט מיט דאָרשט און פיבער,<br>
לאָזט איהר גיפט נאָך דאָרטען איבער,<br>
און דאָס בייסט און שטעכט, ווי שפּילקעס,<br>
און מען קראצט אָן קרצעלאך, גילקעס,<br>
און די טאטעס רויכען, טרייבען,<br>
און די מאמעס שעלטען, רייבען,<br>
און די יונגע בלאָזען, פּאטשען,<br>
און די קינדער וויינען, קראצען;<br>
העלף מיר גאָט, אָט זעה, אָט פליהט עס,<br>
העלף מיר שוין פון די מוסקיטעס!

האָסט געהאָלפען אונז פּאָליטיש<br>
פון עמלק, המן, טיטוס,<br>
אלעקסאנדער׳ס לאנגע קנוטעס;<br>
האָסט געהאָלפען אונזער ריטוס<br>
שוין פון אלע בייזע כתות:<br>
אינקוויזיטיש, יעזואיטיש,<br>
יעצט אויך אנטיסעמיטיש;<br>
הערסט פון קראנקע אוים די בימעס,<br>
פון כאָלעריע און באנקיטעס,<br>
היטסט פון פליי אונז אין די מטות;<br>
דרום דיין פאָלק, ווי שעהן זי בליהט עס,<br>
שיץ עס ווייטער, גאָט, אָ היט עס!<br>
זעה דעם בים אָה! זעה, ווי בריט עס!<br>
זעה דאָס בלוט אָה, זעה, ווי זידט עס!<br>
העלף אָה גאָט, אָט זעה, אָט פליהט עס!<br>
שיץ מיר! העלף פון די מאָסקיטעס!

די תפילה האָבען מיר בית דין הגדול מתקן געוועזן נאָר פאַר בראָנז־ווילער אידען, אָבער יעדער איד אין אמעריקא מעג עס זאָגען אחר שקיעת החמה, נאָר מען מוז ביי יעדער פסוק זיך א קלאפּ טאָן דאָרט וואו מען דער־פיהלט דעם ביס, און מהדרין מן המהדרין זיינען זיך נוהג אָנצושמירען אויף דעם אָרט מיט א ביסעל עסיג, וואָס עס שטילט באַלד דעם גיפט, וד׳ ישמרנו מכל נגע אָמן.

**ענדע.**